# וואס וויל „אגודת ישראל"?

---

## רעפעראט

אויף דער גרויסער קאטאוויצער אספה אם 12טען סיון תרע"ב

— פון —

## יעקב ראזענהיים

פראנקפורט א. מ.



פראנקפורט א. מ.

ביוראָ דער „אגודת ישראל"

---

Bureau der „Agudas Jisroel"

**Frankfurt a|M. Zeil 85.**

# מכתב להזכיר

מיר בעטען אַלע אונזערע „לאנדס־אבטיילונגען“, ווי אויך די „אָרטיגע פעראיינען“, זיי זאָלען וואָס שנעלער אונז אָבשיקען די רשימות פון די מיטגליעדער, וועלכע זענען פארצייכענט געוואָרען אין דער אגודה. צוזאַמען מיט די רשימות בעטען מיר אויך אָבשיקען די „יאהר־אבצאהלונגען“ פון די מיטגליעדער.

און אַלע אונזערע חברים לדעה בעטען מיר, זיי זאָלען זיך בענוצען ביי יעדער פּאַסענדער צייט, מיט יעדע גוטע געלעגענהייט, פארשפרייטען אין דעם קרוג פון זייערע פריינד און בעקאַנטע דעם גרויסען און ערהאַבענעם געדאַנק פון דער אגודה. יעדער איינצעלנער מענש זאָל אויפמערקזאַם מאַכען דעם צווייטען, יעדע שטאָדט זאָל איבערגעבען אין דער צווייטער שטאָדט, די נויטווענדיגקייט און די וויכטיגקייט פון דער אָרגאַניזאַציע, און זעהען ערווערבען וואָס מעהר מיטגליעדער, און גרינדען אין יעדער יודישער קהלה „אָרטיגע פעראיינען“ אבטיילונגען פון דער אַלגעמיינער אגודה. דאָס איז אַ היילִיגע פליכט אויף יעדען אידען משלומי אמוני ישראל.

די געלדער אָבשיקען אויף איינעם פון דיעזע אַדרעסען:

א)

Bureau der „Agudas-Jisroel“ Frankfurt a|M. Zeil 85.

ב)

„Agudas-Jisroel“ Frankfurt a|M. Postcheckkonto 6712, beim Postscheckamt Frankfurt a|M.

ג)

Depositenkasse der Disconto-Gesellschaft Frankfurt a|M. Zeil 69, fuer das Conto der „Agudas-Jisroel“.

אָדער אויף די אַדרעסע פון דעם הויפּט קאַססיר פון דער אגודה:

ד)

Herrn Leo Wrescher I. Fa Beer Sondheimer & Co., Frankfurt a|M. Zeil 114.

# וואס וויל „אגודת ישראל“?

רעפעראט

פון

ה' יעקב ראזינהיים, פראנקפורט, א. מ.

אין נאמען פון דעם טעמפארערען קאמיטע, וועלכער האט איך איינגעלאדען, קום איך איך דא, אין קורצע שטריכען, צו ערקלעהרען דעם געדאנק, די אויפגאבען און דעם פראגראם פון „אגודת ישראל“. איך מוז איך אבער פאראויס אויפמערקזאם מאכען, אז איינינע פון איך וועלען אין מיין רעדע צו פיעל געפינען, און איינינע — צו ווענינ.

צו פיעל; דען די געדאנקען, וועלכע ליעגען אין גרונד פון „אגודת ישראל“ זענען ניט קינסטליך בעשאפען געווארען, און דערום מאכען זיי ניט דעם איינדרוק ווי עפעס ביז יעצט ניט געהערטעס; די געדאנקען שוועבען שוין פון לאנג ארום אין דער לופט, אין וועלכער מיר אטהמען; און זענען אזוי קלאר און פערשטענדליך, ווי אלע אמת'ן, אין וועלכע מען קען ניט צווייפלען.

צו ווענינ; ווייל דא קענען מיר מעהר ניט ווי פעסטשטעלען די יסודות פון אונזער ארגאניזאציע; מיר קענען נור אין אלגעמיינע שטריכען אונזערע אויפגאבען אנמערקען; אבער די פרטים פון אונזער טאג־טעגליכער טהעטיגקייט, די אזוי גערופענע: טאג־פראגען, איז אונז יעצט ניט מעגליך פעסטצושטעלען, דאס קען און עס דארף בעשאפען און קלאר ווערען שפעטער דורך דער ארגאניזאציע זעלבסט, דען נור זי וועט זיין אימשטאנד און האבען דאס רעכט אויסצוקלייבען פון די פיעלע אויפגאבען דאס, וואס איז נויטיג און מעגליך צו פערווירקליכען אין לעבען.

אונזער אספה וועט געוויס פערנעהמען א בעדייטענדען ארט אין דער אידישער געשיכטע, און עס איז קיין ספק ניט, אז דער מאמענט, אין וועלכען מיר האבען זיך דא פערזאמעלט איז א היסטארישער און וועט פערבלייבען פאר אן עביגען זכרון ביים אידישען פאלק.

ניט אבהענגיג פון דעם, צי אונז וועט זיך איינגעבען, גלייך דא אויפ'ן ארט צו בעשאפען א פאלקאמענע ארגאניזאציע, צי ניט, אלץ איינס,

צי מ י ר  וועלען די אָרגאַניזאַציע בעשאַפען, אָדער  א ו נ ז ע ר ע  ק י נ ד ע ר  און  א י י נ י ק ל א ך  וועלען פערענדיגען דאָס, וואָס מיר הויבען יעצט אָן צו טהון, אַלענפאַלס, בלייבט אונזער איצטיגע פערזאַמלונג אַ וויכטיגע היסטאָרישע געשעהעניש.

דען ניט אַ חברה ווי אַלע חברות, מיט איין איינציגען צוועק, ווילען מיר דאָ גרינדען. יעדע חברה, וועלכע האָט נור איין בעשטימטע אויפגאַבע, ווי באַלד זי דערגרייכט דעם ציעל, וועלכען זי האָט זיך געשטעלט, ווערט זי אָן איהר בעדייטונג. אָבער גאָר אַנדערש איז דער הויכער ציעל, צו וועלכען מיר שטרעבען; אונזער אויפגאַבע איז, אויפצולעבען די הייליגסטע רייכטהימער פון אידישען פאָלק — דעם העכערען און אמת'ן בעגריעף פון כלל ישראל: דאָס די גאַנצע אידישע אומה לעבט און עקזיסטירט נור דורך איהר תורה, די אָרגאַניזירענדע נשמה, וועלכע בינדט צונויף דעם גאַנצען פאָלק אין איין מעכטיגען ניט־בעזיעגבאַרען כח.

אָט דעם בעגריף שטרעבען מיר אויפצולעבען דורך „אגודת ישראל“, און מיט די טעכנישע מיטלען, וועלכע די היינטיגע צייט ערלויבט אונז אויסצונוצען פאר אונזערע צוועקען, ווילען מיר איהם פערווירקליכען אין לעבען.

די סמנים פון לעבען, וועלכע דער אויפ'ס־ניי ערבליהטער כלל ישראל וועט אין יעדער צייט אַרויסבעווייזען, פון וועלכע ס'וועלען זיך אַרויסבילדען אַ רייהע גייסטיגע און סאָציאַלע מעשים — דאָס וועט שאפען די  פ ר א ק ט י ש ע  א ר ב י י ט ס ־ פ ר אָ ג ר א ם  פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

## I

ווען אונזער פאָלק האָט זיך אין גלות געלאָזט, האָבענדיג אין זיינע אונערטרעגליכע ליידען נור די איינציגע נחמה — די הייליגע תורה, וועלכע ער האָט פעסט אין זיינע אָרעמס געהאַלטען, און איהר גרויסע לעהרע, וועלכע ער האָט טיעף אין הארצען איינגעוואָרצעלט, האָבען זיך אין ים פון די צרות און ליידען, אין וועלכען ער איז אריינגעשליידערט געוואָרען, אויך געפונען איינינע ניצליכע גייסטיגע פאקטאָרען, וועלכע האָבען מיטגעהאָלפען אויפצוהאַלטען דעם קיום פון דער נאַציע:

א) דער  ל מ ו ד ־ ה ת ו ר ה  האָט געהאט אזא גרויסע ווירקונג און איינפלוס אויף אַלע געביעטען פון אידישען לעבען, סאַי פון יחיד, סאַי פון כלל, אז דורך דעם איז בעשאַפען געוואָרען איין גלייכע גייסטיגע שטימונג און געדאַנקען־גאַנג ביי דעם גאַנצען אידישען פאָלק, ניט קוקענדיג אויף די

פערשיעדענע בעדינגונגען אין וועלכע די אידען פון פערשיעדענע לענדער און מלוכות האָבען געלעבט. און דאָס איז געווען ניט קיין קינסטליך, דורך אויסערע מיטלען בעשאפענע איינהייט, נור א נאטירליכער פעסטער פער־באנד, וועלכער האָט פעראייניגט אלע אידען פון פערשיעדענע לענדער מיט בעזונדערע אָרט לעבענס, און אין דעם טאקי איז בעשטאנען די גרויסע ווידערשטאנדס-קראפט פון דער אידישער אומה, און איהר זעלטענע עקזיס־טענץ-פעהיגקייט אָבצוהיטען די ריינקייט פון איהר מקור און זיך ניט צו לאָזען בעאיינפלוסען פון פערשיעדענע פרעמדע השפעות.

ב) די אויסערע קולטור, מיט וועלכער דעם אידישען פאָלק איז דאָ־מאָלס אויסגעקומען זיך צוזאמענצושטויסען, האָט זיך געפונען אויף אזא נידעריגער שטופע פון ענטוויקלונג און איז געווען אזוי גייסטיג אָרים און קליין, אז זי האָט ניט געהאט די מעגליכקייט צו־צו־ציהען צו זיך דאָס אידישע פאָלק, וועלכעס איז געשטאנען אויף א פיעל העכערער מדרגה פון קולטור, און די אויסערע קולטור איז ניט געווען אימשטאנד אָנצוריהרען די גייסטיגע רייכטהימער פון אידישען פאָלק.

ג) די אַלגעמיין קולטורעלע רייכטהימער פון מיטעלאלטער, וועלכע האָבען שוין יא געהאט א געוויסע בעדייטונג, האָבען געטראָגען נור א ריין רעליגיעזען כאראקטער, און דערצו זענען אין תוך פון זיי געלעגען געוויסע עיקרים, וועלכע זיי זעלבסט האָבען זיך געשטיצט אויף תורת משה.

אָט אזוי האָט דאָס אידישע פאָלק, וועלכעס איז געווען צוזייט און צו־שפרייט און האָט זיך פשוט געטרונקען אין א ים פון צרות, געבליבען אין גייסטיגען הינזיכט אַן איינהייטליכער פעסטער ארגאניזם, וועלכער האָט זיין לעבענס-קראפט פון זיך אליין געזויגען, און האָט ניט געהאט וואָס מורא צו האָבען פאר זיין גייסטיגע עקזיסטענץ.

אָבער, ליידער, ביסלעכווייז, אָנהויבענדיג פון דער גרויסער פראנצוי־זישער רעוואָלוציאָן, זינט אויפ'ן אידישען באָדען זענען פערזייט געוואָרען די ערשטע השכלה-שפראָצונגען, האָט די נייע צייט מיט איהרע נייע ליעדער זיך אריינגעריסען אויך אין אונזער לעבען, און מיט א שרעק־ליכער צושטערונגס-קראפט האָט זי אָנגעהויבען צו־וואָרפען דאָס, וואָס איז טויזענדער יאָהרען געווען אזוי פעסט איינגעמויערט אין פאָלקס-אָרגאניזם.

אָט די עפּאָכע, וועלכע האָט דער גאנצער וועלט אין א געוויסען זין אחדות געבראכט, האָט ליידער, אין יודענטהום נור פרוד-הלבבות אריינגעבראכט; אָט די עפּאָכע האָט צוריסען דעם פעסטען באנד, וועלכער האָט אזוי לאנג און אזוי שטארק פעראייניגט די אידען פון אלע וועלט־עקען. מיט בליץ-שנעלקייט האָט זי צייט און אָרט בעזיעגט, זי האָט פער־

שיעדענע וועלט־טהיילען און ווילד־פרעמדע פעלקער דערנעהנטערט און איי־ ניגערמאסען פעראייניגט — נור אין אידישען פאָלק האָט זי, ליידער, קינדער פון עלטערען דערוויטערט, און צווישען לייבליכע ברידער שנאה געזייט.

פערשיעדענאַרטיג זענען די צרות, וועלכע דאָס יודענטהום איז פון דאן אָן אויסגעשטאנען, נור פון איין מקור, פון איין אורזאכע שטאַ־ מען זיי אַלע: די נשמה פון פאָלק — די הייליגע תורה איז צייט הונדערט יאָהר אַרויסגעריסען פון פאָלק'ס גוף, פון כלל ישראל. און הגם אין איינציגע אברים פון פאָלק'ס קערפער האַלט זיך נאָך די נשמה, אָבער זי איז שוין ניט דער מיטעלפונקט, דער כח המשפיע אויף דעם גאנצען קערפער, און דארום איז דער פאָלק'ס־אָרגאַניזם צוריסען אויף שטיקלעך, און די צוריסענע קערפער־טיילען וואַלגערען זיך צוזייט און צושפרייט איבער אַלע לענדער אָפען און פריי פאַר אַלע פלאָגען און יסורים.

ווען מען וויל א תרופה צו די פאָלקס־ליידען, דארף מען איהר אין ווארצעל פון דער קראנקהייט זוכען. און דאָס איז טאקי דער הויפט־צוועק פון „אגודת ישראל", אויפצומונטערען צום לעבען און שטרעבען, אומ־ צוקעהרען דעם כלל ישראל די נשמה, וועלכע איז שוין באַלד הונדערט יאָהר פון איהם בערויבט געוואָרען, און צו־צו־פאַסען אַלע פאָלקס־ גליעדער פיר די פונקציאָנירונג פון זיין הייליגע נשמה.

## II

די בעהאַלטענע בענקעניש נאָך אַזא אָרגאַניזאציע, וועלכע זאָל פעראייניגען די אַלע שלומי אמוני ישראל, וועלכע זענען דער וויכטיגסטער טייל פון אידישען פאָלק, אָט די בענקעניש, וועלכע ליעגט טיעף בע־ האַלטען ביי יעדען אידען, דאָס אַליין איז שוין דער בעסטער בעווייז פאַר די צוועקמעסיגקייט און נויטיגקייט פון „אגודת־ישראל", דאָס איז אַ פיעל גרעסערער בעווייז פון אַלע טעאָרעטישע בעווייזען; דאָך וועל איך אייניגע פון די לעצטע אויך בריינגען, כדי קלאָרער צו מאַכען מיינע רייד:

א) מיר דארפען די „אגודת ישראל" צוליעב אונזער יוגענד, די יוגענד פון מערב אייראָפּא. מיר קענען פערבלייבען די טרעגער פון אונזערע אייביגע תורה־אויפגאַבען נור דאן, ווען די צוקונפט, דער קומענדער דור געהערט צו אונז. אונזער יוגענד אָבער שטעהט פנים אל פנים מיט אַ הויך ענטוויקעלטער קולטור, וועלכע בעציהט זיך מאַנכעסמאָל פיינדליך צום יודענטהום, צו אונזערע הייליגע רייכטהימער, און אין בעסטען פאַל בעמיהט זיך די קולטור זיך ניט־וויסענדיג צו מאַכען פון די פרעמדע געסט וועלכע האָבען זיך צו איהר אַריינגעדרונגען פון אזיע; על כל פנים ווערען אין

איהר בטל די אייניגע סעמיטישע שטרעמונגען און ווירקונגען. ס'איז א גרוי־סער און געפעהרליכער טעות צו מיינען, אז דער פּאָטער איז אליין אימשטאנד צו געבען זיינע קינדער די ערציהונג, וועלכע ער וויל נור, ניין! ניט מיר ערציהען די קינדער, נור די סביבה אין וועלכער זיי לעבען, די גייס־טיגע לופט וועלכע זיי אטהמען, זי שפּייזט זיי, און קיינע עלטערען זענען ניט אימשטאנד זיך צו שטעלען געגען די ווירקונג פון די דאָזיגע ניט־געבעטענע ערציהער און מיטהעלפער. דורך טויזענדע געהיימע וועגען דרינגען זיי אריין אין די נשמה פון אונזערע קינדער, און שטעמפּלען איהר אָפּ מיט זייער שטעמפּעל און גיבען איהר צו זייער אייגענע צורה. אין דער סביבה, אין וועלכער אונזערע קינדער געפינען זיך איצט, שטעהט זיי פאָר א גרויסע געפאהר, זיי זאָלען, חלילה, ניט אָנהויבען קוקען אויף די אידישע אויפגאבע, ווי אויף עפּעס קינסטליכעס, ניט נאטירליכעס, ווי דאָס וואָלט נור געווען א גוטער איינפאל פון אייניגע משונה'דיגע עקשנים, וועלכע ווילען צו־להכעיס דער גאנצער וועלט איהם אויפהאלטען ביים לעבען. מיר מוזען דערום אָט דעם קומענדיגען דור צוזאמענ־בינדען מיט'ן כלל ישראל, און ניט נור מיט דעם גייסט פון די פריהער־דיגע דורות, נור אויך מיט דעם איצטיגען לעבעדיגען כלל ישראל מוזען מיר איהם פערבינדען דורך א שטארקע אָרגאניזאציע, וועלכע זאָל אויפ'ן באָדען פון דער הייליגער תורה, אלע לעבעדיגע אידישע נשמות צוזאמענהעפטען, איינע מיט דער צווייטער, איינע פאר דער צווייטער. פון די גרויסע אמת'דיגע „אגודת ישראל" וועלען זיי שטארקע כחות שעפּפען, און אין איהר לעבענס־אינהאלט וועלען זיי ווידער־שטאנדס־קראפט און קאמפּפס־מוטה געפינען. אונזער יוגענד וועט אויך דאָרט, צוזאמען מיט דער אמת אידישע מדת ענוה אויך נאציאָנאל־שטאָלץ שעפּפען. דעם שטאָלץ וועט זיי געבען דער בעוואוסטזיין, אז יעדער פון זיי איז א גליעד פון איין גרויסען און גאנצען קערפּער, וועלכער לעבט ניט נור אין דער אידעע, נור עקזיסטירט טאקי ממשות'דיג אין לעבען.

ב) ניט ווייניגער נויטיג איז די אָרגאניזאציע פון „אגודת ישראל" אויך פאר דער מזרח־יוגענד: אויפ'ן שוועל פון די חדרים און בתי מדרשים שטעהט די נייע צייט, קלאפּט אין די טיהרען און רייסט זיך מיט איהר גאנצער צושטערענדער קראפט ביסלעכווייז אין זיי אריין; דורך אלע שפּעלטעלעך דרינגט אריין אינוועניג דאָס ליכט פון דעם, וואָס מען רופט קולטור, און פערשפּרעכט צו ברייגנען גליק און ליכטיגקייט אין די חושך'דיגע

ווינקעלעך פון דער אידישער גהעטאָ. איז דען א וואונדער, וואָס די אידישע יוגענד, א פערצווייפעלטע, אַן אויסגעמאטערטע פון דחקות, א דורשטיגע נאָך א שטראַהל ליכטיגקייט, האַפּט זיך אָן מיט איהר גאנצער לעבענס־לוסט אָן די, כלומר'שט, הערליכע שטראַהלען?

אויב, און אויף וויפיעל דיעזע ליכט ברייננגט וואַהרהייט און גליק, צי וועט אין אמת'ן אָט די נייע זון בעפרוכטען דעם אידישען באָדען, און מאַכען וואַקסען פון איהם שמעקעדיגע בלומען, אָדער אפשר פערקעהרט, זי וועט נאָך פערטריקענען און פערדאַרבען די לעצטע גאַנץ־געבליבענע בלומען? דאָס קען די מזרח־יוגענד אליין ניט פאָראויסזעהען.

וואָס מעהר די פרעמדע קולטורעלע לעבענס־פאָרמען דרינגען אריין אין אידישען לעבען, און זיי שטעלען זיך אין זייער גאנצער אונבעקאנטער גרויסקייט פאר די אידישע יוגענד, און רופען ביי זיי ארויס א בעהאלטענעם פּחד צוזאמען מיט א פערלאנג זיך נעהענטער מיט זיי צו בעקענען — דעסטאָ נויטווענדיגער איז דער ענגער צוזאמענבונד צווישען דער מזרח־יוגענד מיט די יעניגע פון זייערע ברידער, וועלכע די שווערע פערהעלטנים פון יודענטהום אין זייער לאנד, האָט זיי שוין מיט א צייט פריהער געצוואונגען און גע־שטויסען אויף דעם זעלבען וועג, און זיי האָבען נאָך פיעלע גרויסע און ביטערע קרבנות שוין לאנג ריכטיג אָבגעשאצט און אָבגעמאסטען מיט דער מאָס פון דער תורה הקדושה, דעם ווערטה פון די נייע לעבענס־בעגריפען, וועלכע די אייראָפּעאישע קולטור שאַפט, און קענען זיך איצט צו זיי בעציהען מיט די ריכטיגע קריטיק.

פאר דער פּראקטיק פון דעם נייעם כלל ישראל, וועלכען די „אגודת ישראל“ שטעלט זיך איהר אויפגאבע אויפצובויען, וועלען ניט פערפאלען געהן די אלע ביטערע פּראָבען און ניט־געלונגענע טריט, וועלכע די מערב־אידען האָבען אין זייער ענטוויקלונגס־גאנג געמאכט. אָט די אָנ־געזאמעלטע פּראקטיק, איבערגעשאצט פון דאָס ניי לויט די אמת'ן פון אונזער הייליגער תורה, וועט אין דער ריכטיגער צייט און אויפ'ן ריכטיגען אָרט, קענען אין פיעלע אומשטענדען די מזרח־אידען פון פיעלע טעות'ן פערהיטען, און מאנכעס מאָהל אויך די פּאסענדע שוץ־מיטלען אָנווייזען.

ג) און דריטענס. אין דער געשיכטע איז כמעט קיין מאָל ניט פאָר־געקומען אזא גרויסע איבערוואנדערונג פון א גאנצען פאָלק, ווי דער מעכטיגער אויסוואנדערונג־שטראָם פון די מזרח־אידען, פון די,

וועלכע היטען נאָך אָב דעם אידישען לעבען אין זיין גאַנצער ריינקייט, וועל־כע, שוין פון יאָהרען לאַנג וואַרפען אַוועק זייערע איינגעזעסענע לענדער און אַנטלויפען קיין אַמעריקא, אויסטראַליע, אַפריקא א. אַז. וו. דורך דעם שטעהט כמעט אין געפאַהר די גאַנצע עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק און זיין תורה, און נור אַזא אָרגאַניזאַציע, וועלכע נעהמט אַרום און פער־איינינגט דעם גאַנצען אידישען פאָלק, אַזא אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט איהרע טיעפע וואָרצלען אין דעם רעליגיעזען בעוואוסטזיין פון יעדען איינ־צעלען אידען, און וועלכע בעגלייט דעם עמיגראַנט פון דער אַלטער הײמאַט אין דער נײער, און אויך דאָרט אין דעם נײעם לאַנד, פערלאָזט זי איהם ניט, און פערבינדט איהם מיט אַ שטאַרקען פערבאַנד צו דעם גייסטיגען לעבען און גייסטיגע אָנפיהרער פון דעם אויסוואַנדערונגס־לאַנד, אַזא אָרגאַניזאַציע וועלכע זאָל מיט איהר איינהייטס־קראַפט האָבען די מעגליכקייט אָבצושאַפען די געפאַהר פון פלוצלונגען איבערבייטען דעם גייסטיגען קלימאַט, נור אַזא אָרגאַניזאַציע איז אימשטאַנד צו ראַטעווען דעם קיום פון יודענטהום אויף יענער זייט אָצעאַן, און דורך דעם, טויזענדער אידען ביי דער תורה דער־האַלטען.

## III

אונגעהויער גרויס און פערשיעדענאַרטיג זיינען די אויפגאַבען, וועלכע עס ענטשטעהען פאַר די „אגודת ישראל“, באַלד נור ווי זי ווערט געגרינדעט, שוין ניט רעכענענדיג די, וועלכע קענען נאָך אין דער צוקונפט געבאָרען ווערען. און הגם דער הויפט־ציעל פון „אגודת ישראל“ איז אַ ריין רעליגיעזער, דאָך זענען די מיטלען און וועגען, וועלכע דאַרפען פיהרען צו די פערווירקליכונג פון דעם ציעל, פערשיעדענאַרטיג און פיעלזייטיג.

אָהן אַ געזיכערטער ווירטשאַפטליכער און סאָציאַלער עקזיסטענץ, אָהן אַ געזונדען עקאָנאָמישען באָדען איז פאַר דעם אידישען כלל אונמעגליך צו ערפיללען די אויביגע הייליגע אויפגאַבע, צו בעגרייפען די תורה אין איהר גאַנצער פאָלקאָמענהייט, און צו מקיים זיין איהרע אַלע הייליגע געזעצען, דען, אם אין קמח אין תורה.

מיר האָבען דאַרום צו אַרבייטען אויף אַלע געביעטען לטובת כלל ישראל. צו אַרבייטען, אַרבייטען מיט די אָנשטריינגונג פון אַלע כחות, אויף

וואו עס איז פאר ג' און די תורה, איז ניט נור מיר האָבען אַ רעכט דערצו, נור דאָס איז אונזער אַ הייליגע פפליכט: יכול יהא ישב ובטל? ת"ל: וברכך ד' אלקיך בכל אשר תעשה.

רבותי! ערלויבט מיר דארום אין איינגע שטריכען צו בעצייכענען דעם פּראַקטישען פּראָגראַם, וועלכען אונזער אָרגאַניזאַציע דאַרף אויף זיך נעהמען אויסצופיהרען:

א) פריהער פון אַלץ דאַרפען מיר זעהן צו אונטערהאַל־טען אין אַ גרויסען מאָס דעם למוד התורה הקדושה, און אָבגעבען אַ גרויסען אָרט צו דער ערציהונג פון דעם אויפוואַקסענדען דור. דער צושטאַנד פון די ישיבות און ת"ת, דער עלענד און אָרימקייט פון די תלמידי הישיבה, פאָדערט אומעדום שטיצע פון אַ פעסט אָרגאַניזירטען כלל, דען נור דאַן וועלען מיר זיין אימשטאַנד צו געבען די געהעריגע שטיצע אין די ערטער וואו ביי די יעצטיגע צושפרייטע כחות איז דאָס שווער צו טהאָן. וואו מיר זאָלען ניט וואַרפען אונזער בליק, אין רוסלאַנד, אין אַמעריקא, אין אונגאַרן אָדער גאַליציען, וועלען מיר זעהן, אז דאָס אויפהאַלטען פון למוד התורה איז צוליעב פערשיעדענע אורזאַכען אַ שווערע פראַגע געוואָרען, וועלכע פאָדערט פון אונז אַ באַלדיגען ענטפער, אָבער מיר וועלען דעם געהעריגען ענטפער קענען געבען נור דאַן, ווען מיר וועלען אַלע אונזערע כחות אין איין מעכטיגען פערבאַנד פעראייניגען.

ב) ג) אויך די מאַטעריעלע עקזיסטענץ העננגט אָב אין אַ גע־וויסען מאָס פון אַזא אָרגאַניזירונג פון דעם כלל ישראל, וועלכע זאָל האָבען טיעפע וואָרצלען אין פאָלק און זאָל איהר גייסטיגע יניקה האָבען פון דעם רוח התורה, אַלץ איינס, צי עס רעדט זיך מכח בעקעמפפען די שרעק־ליכע פּאָלקס אָרימקייט און נויט פון די אידישע מאַסען, פון פארבעסערען דאָס ווירטשאַפטליכע לעבען פון די אידען אין גלות, אָדער פערשטאַרקען דעם ישוב אין ארץ ישראל אין גייסט פון דער תורה ומצוות, אָדער בכלל, על כל צרה שלא תבוא, ווען אין לעבען פון אידישען פאָלק קומט פאָר אַ וועלכע עס איז קאַטאַסטראָפע. ביי די אַלע פאַלען דאַרף אונזער אָרגאַניזאַציע געבען די שנעלסטע און מעגליכסטע הילף.

מיר ווילען, חלילה, ניט ווענען עס איז פון אידישען פאָלק אָדער וועלכע עס איז אָרגאַניזאַציע, מעג אויך איהר עקזיסטענץ־פּרינציפּ ניט אין די תורה

וואורצלען, אַבנעהמען דאָס רעכט צו העלפען, דאָס רעכט צו טהאָן צדקה און גמלות חסדים, מיר ווילען אויך ניט אונדאנקבאר זיין און די ביז אהער געוואלטיגע לייסטונגען פון אידישע מענשען־ליעבע ניט אנערקענען.

מיר ווילען נור, אז די הונדערטע טויזענדע שלומי אמוני ישראל זאָלען פון היינט אָן ניט נור דער נשוא (אָביעקט), אָדער די צושויער זיין, נור אויך דער נישא (סוביעקט), די טרעגער פון זייער הילף; מיר ווילען דאָס זיי זעלבסט, אלס מעמבערס פון א גרויסער פאָלקס־אָרגאניזאציע, זאָלען האָבען די מעגליכקייט זיך זעלבסט אין אלע פעלע צו הילף צו קומען; מיר ווילען, דאָס זיי זאָלען קענען מיטריידען אין דאָס, וואָס איז פאר זיי ניצליך און גוט, און דאָס דער גוף און די נשמה זאָלען ניט דורך די געגעבענע הילף ווערען ניעדערגעדריקט, זאָנדערן אויפגעריכט און הארמאָניש פעראייניגט.

ד) די אלע אויפגאבען, וועלכע זענען ספּעציעל נויטיג פאר „אגודת ישראל" אויפ'ן פעלד פון דער אידישער ליטעראטור און פּרעסע, כדי דאָרט זאָל קענען ארויסגעזאָגט ווערען די אמת־אידישע געזעל־שאפטליכע מיינונג, וועל איך נור פערבייגעהענדיג דערמאָהנען, אלס איינע פון אונזערע ערשטע און וויכטיגסטע אויפגאבען.

ה) און ענדליך, אז עס איז די עהרענפפליכט פון דעם כלל ישראל, וואָס לעבט על פי התורה והמצוה, אליין צו פערטהיידיגען די פון אויס־סערע אָדער פון אינערע פיינד אָנגעגריפענע עהרע פון תוה"ק, דארף איך נור דערמאָהנען אום דאָס צו בעווייזען.

## IV

הגם איך בין געצוואונגען צו בעשרענקען מיינע רייד, דאך מוז איך איינינע ווערטער וועגען די אָרגאניזאציאָנס־פאָרמען פון „אגודת ישראל" זאָגען.

דריי גרונד כללים מוזען מיר אנידערלעגען ביים בויען אונזער אָרגאניזאציע:

א) די אָרגאניזאציע מוז א פאָלקסטימליכע זיין. יעדער מיטגליעד דארף און מוז וויסען און פיהלען אז ער איז א גלייכבערעכ־טיגטער טהייל פון גאנצען צוזאמענבונד, און, אז די אָרגאניזאציאָנס־רעגעלען פון „אגודת ישראל" גיט איהם די פאָלקאָמע רעכט און מעגליכקייט זיין מיינונג וועגען אלעס ארויסצוזאָגען און צו פערטהיידיגען. נור אויף אזא'ן אופן וועט מעגליך זיין, דאָס די „אגודת ישראל" זאָל געווינען דעם פאָלקאָמען

צוטרוי פון פאָלק, און אנערקענט ווערען אלס די אמת'ע פערטרעטעריין פון כלל ישראל.

ב) אויב אָבער די „אגודת ישראל" וויל פעראייביגען איהר נאָמען אין דער אידישער געשיכטע און וויל עפעס גרויסעס און אייביגעס אויפטהון, מוז איבער איהר שטענדיג ד ע ר ג י י ס ט פ ו ן ד ע ר ת ו ר ה ה ק ד ו ש ה ש ו ו ע ב ע ן, דער אָרגאניזאציאָנס־קערפער קען נור דאן עקזיסטירען און זיין לעבענספעהיג, ווען ער וועט זיין דורכגעדרונגען און בעשיצט מיט דעם אייביגען הייליגען גייסט פון דער תורה הקדושה, וועלכע איז ניט אָבהייגגיג פון דער צייט מיט אלע איהרע פערשיעדענע שטראמען און אידעען. נור דאן קען די „אגודת ישראל" שטעהען העכער פון אלע קורצ־צייטיגע בעוועגונגען, ווען איהר וועג־פיהרער וועט זיין דער עמוד־האש פון דער תורה הקדושה, און צו דיזעם צוועק מוז געגרינדעט ווערען א „מועצת גדולי התורה", איין קאָמיטעט פון די גרעסטע גאונים און צדיקים פון אלע לענדער, וועלכער זאָל זיין דער גייסטיגער אָנפיהרער פון דער אָרגאניזאציע. אָט די גדולי תורה וועלען זיך שטעלען אין דער שפיץ פון אונזער צוזאמענ־בונד, און זייער וואָרט וועט זיין ענטשיידענט אין אלע פראגען פון אונזער טהעטיגקייט, וועלכע דארפען פון שטאנדפונקט דער תורה הקדושה געלעזט און פערענטפערט ווערען.

ג) דער ד ר י ט ע ר אָרגאניזאציאָנס־כלל איז די צ ע נ ט ר א ל י ־ ז א צ י ע, דאָס הייסט: אזוי ווי עס איז קלאָר פאר יעדען, אז דער אינער־ליכער אלגעמיינער מהות פון אלע פראגען, וועלכע פערנעהמען יעצט אן אָרט אין עולם־היהדות פאָדערט, אז אן ענטפער זאָל אויף זיי געגעבען ווערען נור דורך אן א י י נ ל י כ ע ר ו ו ע ל ט ל י כ ע ר אָ ר ג א נ י ז א צ י ע, אזוי דארף אויך ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט זיין, אז אחוץ די אלע אלגע־מיינע פראגען זענען נאָך פאראן א רייהע אָרטיגע פראגען אין יעדער לאנד בעזונדער, וועלכע זענען נוגע נור די לאנד אליין, און קענען נור דורך די ארטיגע כלל־טהוער, צוגעפאסט צו די ספעציעלע בעדינגונגען, פערענט־פערט ווערען. אין משך פון לעצטען יאָהר האָבען זיך פערשיעדענארטיג ענטוויקעלט די בעדינגונגען פון אידישען לעבען צווישען די מערב און מזרח אידען, און כדי אויסצומיידען ניט קיין געווינשטע רייבונגען דארפען אין יעדען לאנד געבילדעט ווערען ל א נ ד ס ־ אָ ר ג א נ י ז א צ י אָ נ ע ן, וועלכע זאָלען וואָס מעהר ז ע ל ב ס ט ע נ ד י ג ק י י ט בעקומען. צוגלייך מוז פון די לאנדס־אָרגאניזאציאָנען געפאָדערט ווערען, זיי זאָלען זייערע אייגענע בעזונדערע פרינציפען, וועלכע האָבען צום גאנצען כלל קיין שייכות ניט, ניט אָריבערטראָגען אין די גאנצע אָרגאניזאציע.

וועגען אַלע איבריגע אָרגאַניזאַציאָנס־פּאָרמען וועט נאָך זיין געגוג צייט צו רעדען.

V

ווען מיר זאָלען זיך, ביים שלום פון אונזער רעדע, גוט צוקוקען צו די אלפי אלפים שלומי אמוני ישראל, די אַלע, וועמען די „אגודת ישראל" האָט איהר אויפגאבע צו אָרגאַניזירען, שיינט מיר, אַז די פרומע אידען אין דער איצטיגער צייט, זיינען ווי גאָר אַמאָל, צוטהיילט אין פיער גרויסע כתות, יעדע מיט איהר בעזונדער פאָרם און געשטאַלט, וועלכע טיילען זיך גאַנץ בעדייטליך אָב איינע פון די אַנדערע. אָט די פיער גאַנץ בולט'ע גע־שטאַלטען פון דער היינטיגער אָרטאָדאָקסיע, הגם זיי האָבען ניט אומעטום קיין בעשטימטע גרענעצען, און ווי יעדע גייסטיגע שטרעמונג, רייסען זיי זיך אריין איינע אין דער צווייטער, און פליסען זאָגאר ניט זעלטען צוזאמען, בילדען דאָך גאַנץ בעזונדערע פיער שטרעמונגען אין אידישען לעבען.

די מיליאָנען אידען פון מזרח־איראָפּא, די אידען פון רוסלאַנד, גאַליציען און אונגאַרן, וועלכע האָבען זיך אויסגע־האדעוועט און ערצויגען געוואָרען אויף למוד התורה והתלמוד, דער הייליגער למוד, וועלכער, ווי א ברויזענדער שטראָם, דריגט אריין טיעף אין דער אידישער נשמה און לייגט אויף איהר אַן אייביגען שטעמ־פּעל, אָט די מזרח אידען, צוזאמען מיט, לכל הפחות, דעם ערשטען דור פון די עמיגראַנטען אין די וויטע לענדער, וועלכע האָבען נאָך ניט איבערגעריסען דעם פאָדעם וועלכער בינדט זיי צונויף מיט דער אַלטער היימאַט, און דערום ציהען זיי נאָך זייער גייסטיגע חיונה פון זייערע אויסוואַנדערונגס־לענדער, און רעכענען נאָך תמיד די דאָרטיגע גייסטיגע פיהרער פאַר זייערע פיהרער, אָט די אַלע בילדען די ערשטע כתה פון דער אידישער אָר־טאָדאָקסיע.

אחוץ דעם זיינען נאָך פאַראַן גאַנצע מיליאָנען חסידים, אנהענגער פון דער געוואַלדיגער בעוועגונג, וועלכע האָט אַזוי פיעל קוועלען פון רעליגיעזער בעגייסטערונג און געפיהל אין דער אידישער וועלט אריינגעגאָסען, קוועלען, וועלכע מיר האָבען נאָך יאָהרען לאַנג פיעל פון זיי צו שעפּען. אָט די בילדען די צווייטע גרופּע.

די דריטע כתה איז, די זאָגענאַנטע „פּאָליטישע אָרטאָדאָק־סיע" אין אונגאַרן, און א טייל אויך אין דייטשלאַנד, וועלכע האָט יאָהרענ־לאַנג א דויערהאפטען קאַמפּף אין עפענטליכען לעבען פאַר איהרע פּרינציפּען געפיהרט, און אין איהם ערוואָרבען קענטניס און פּראַקטיק ווי אַזוי צו פער־היטען אַלס וואָס פערטונקעלט דאָס ליכט פונ'ם אמת'ן אידישען זעלבסט־

בעוואוסטזיין, אין אלס, וואס איז נוגע דער תורה צו בעשיצען אין פארלא־מענטען און פאר מלכים ושרים.

אם ענדע, די מערב־ארטאדאקסיע, די וועלכע געהען אויפ׳ן דרך פון הרב ר׳ שמשון רפאל הירש ז״ל, און האבען מיט פיעל קרבנות זיך מיט דער קולטור אויסאנאנדערגעזעצט און האבען דורך דעם פיעל פראקטיק און ארגאניזאטארישע פעהיגקייטען לטובת הכלל בעקומען.

יעדער, וועלכער קוקט מיט א שארפען בליק אויף די אלע כתות, וועלכער אנערקענט זייערע אלע מעלות, אבער וויל אויך ניט פערדעקען זייערע חסרונות, מוז ביי איהם אויפקומען דער איבערוועלטיגענדער געדאנ־קען: דא בעט זיך און פאדערט זיך איינינקייט און פעראייניגונג נאך געגענזייטיגע השלמה, ערגענצונג און הילפ־לייסטונג. און אזוי ווי איין גייסט האט פעראייניגט אלע אונזערע עלטערען ביים הר־סיני אזוי ווי איין מענשען: „ויחן שם ישראל נגד ההר״, אזוי דארף און מוז זיין די אויפגאבע פון יעדער כתה, וועלכע בילדעט א טייל פון „אגודת ישראל״, זי זאל מיט איהרע פעהיגקייטען און איהרע מעגליכקייטען צוזאמען ארבייטען פאר די געמיינזאמע אויפגאבע, וועלכע איז דער פונדא־מענט פון אונזער אייניגקייט פון שטענדיג אן ביז יעצט.

מיר פיהלען אליין ווי גרויס און פעראנטווארטליך עס איז די זאך וועלכע מיר הויבען יעצט אן צו טהון, אבער ניט קוקענדיג אויף די אלע שוועריגקייטען האבען מיר דאך די גרויסע ארבייט אנגעהויבען, ווייל מיר זעהען קלאר און דייטליך די נויטיגקייט פון איהר אינ׳ם לעבען און אין עקזיסטענץ פון גאנצען כלל ישראל און מיר גלויבען און האפען אז עס וועט נאך קומען דער טאג, ווען מיר וועלען צו אונזער הייליגען ציעל קומען, און וועלען בעזר ד׳, אונזער שטארקען ווילען אין א לעבעדיגען פאקט פערווירקליכען.

---

# די צייטווייליגע ארגאניזאציאנס כללים פון „אגודת ישראל״

(בעשטימט דורך דעם „צייטווייליגען קאמיטעט״ לויט ערלויבניש פון דער גרויסער קאטאוויצער אספה).

## א) די פראגראמע:

דער הויפט צוועק פון „אגודת ישראל״ איז:

פערענטפערען אין דעם גייסט פון התורה והמצוה אלע טאג־פראגען, וועלכע וועלען ארויפשווימען אין דעם לעבען פון כלל ישראל.

און דערום שטרעבט די „אגודת ישראל״:

1) צוזאמענצונעהמען און צו אָרגאַניזירען אַלע צושפּרייטע שלומי אמוני ישראל, בעזאָנדערס די מזרח און מערב אידען, אין איין פעסטען צוזאַמענבונד, וועלכע זאָל מקרב זיין זייערע הערצער, איינער צום צווייטען.

2) פערשטאַרקען און שטיצען אין גרויסען מאַסשטאַב דעם למוד התורה, און די ערציהונג פון יונגען דור, אין אַלע לענדער וועלכע נויטיגען זיך אין דעם.

3) פערבעסערען די עקאָנאָמישע לעבענס־בעדינגונגען פון אונזערע פאָלקס־מאַסען, וועלכע לעבען אין נויט און אָרימקייט, אין די גלות לענדער און אין ארץ ישראל.

4) גרינדען הילפּס־אַנשטאַלטען וועלכע זאָלען געבען אונזער פאָלק די נויטיגע שטיצע אין יעדער אומגליקס־פאַל. (עמיגראַציע, א. ז. וו.)

5) גרינדען און אַרויסגעבען צייטונגען און פערשיעדענע ספרים אין אידישען גייסט.

6) צו זיין די פאַרשטעהערין פון דער טרייער יהדות אין דעם גייסט פון תורתנו הקדושה הכתובה והמסורה, און בעפאָלמעכטיגט זיין צו בעשיצען איהר, און אַלע איהרע אנהענגער פון אַלע אינערליכע און אויסערליכע געגנער.

## ב) די מיטגליעדער:

1) אַ מיטגליעד פון דער אגודה קען זיין יעדער איד, וועלכער איז מסכים צו איהר פּראָגראַם.

2) יעדער מיטגליעד איז פערפליכטעט צו צאָהלען אין דער אגודה אַ געוויסע „יעהרליכע אָבצאָהלונג“, יעדערער לויט זיין פערמעגען און שטאַנד, אָבער ניט ווייניגער פון 1 דאָלאַר אַ יאָהר פיר איין פּערזאָן; אַ פאַמיליע פון דריי — 2 דאָלאַר און 50 סענט פיר יעדער אַנדער מיטגליעד אין משפחה.

3) אויסער דעם „יאָהר־אָבצאָהלונג“, האָבען די אָרטיגע און לאַנדס־קאָמיטעטען דאָס רעכט צו פאָדערען פון די מיטגליעדער בעזאָנ־דערע יעהרליכע אָבצאָהלונגען אויף זייערע אָרטיגע אויסגאַבען, מיט די צושטימונג פון גרויסען עקזעקוטיוו־קאָמיטעט.

## ג) די אורגאַנען פון דער אגודה

אויסער די אָרטיגע און לאַנדס־קאָמיטעטען, וועלכע ווערען אויסגעקליבען לויט די געזעצען פון יעדער לאַנד, ווערט בעשטימט פאַר אַלגעמיינע אָרגאַ־ניזאַציאָנס־אָרגאַנען:

1) די אַלגעמיינע גרויסע פערזאַמלונג (הכנסיה־הגדולה),
2) דער פּרעזידיום (הנשיאות),
3) דער אַלגעמיינער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט (ועד העסקנים),
4) מועצת גדולי התורה.

די „אַלגעמיינע פערזאַמלונג“ איז דער העכסטער אָרגאַן פון דער אָרגאַ־

ניזאַציע, איהרע מיטגליעדער זיינען די בעפאָלמעכטיגטע פון די אָרטיגע אגודות, וועלכע ווערען אויסגעוועהלט דורך בעשטימטע גלייכע בעדינגונגען אין אַלע לענדער. אַלע צוויי הונדערט מיטגליעדער האָבען דאָס רעכט צו שיקען איין בעפאָלמעכטיגטען אין דער „אַלגעמיינער פערזאַמלונג“.

בעפאָלמעכטיגטע אין דער „אַלגעמיינער פערזאַמלונג“ ווי אויך די מיט־גליעדער פון פרעזידיום, און פון אַרבייטס־קאָמיטעט, קענען נור זיין די מענשען וועלכע זיינען בעוואוסט אַז זיי היטען פאָלקאָם די מצוות תורתנו הקדושה הכתובה והמסורה.

## ד) די ליטעראַטור:

וועלכע געפינט זיך יעצט אין דער ביוראָ פון אגודת ישראל, און ווערט געשיקט צו די וועלכע בעטייליגען זיך אין פערשפּרייטען דעם געדאַנק פון „אגודת ישראל“:

אין לשון קודש:

א) קול קורא. ב) כללי הסתדרות לפי שעה. ג) מה חפצה „אגודת ישראל?“. ד) מכתבי ברכה והסכמה. ה) „הדרך“ ידיעות מהסתדרות „אגודת ישראל“, י״ל לפרקים (עד עתה י״ל שבעה גליונות). ו) גליונות וכרטיסים לרשימת החברים. ז) בקרוב י״ל ספר „המאסף“, יכלכל: השקפה כללית על התפתחות הרעיון של ההסתדרות. משא ומתן פרטי של כל האספות מגדולי ישראל שהיו בנידן זה בזמנים שונים ובמדינות שונות, וכל הנאומים הנלהבים שנשמעו באספת קאטאוויץ, הרבה מכתבים ומאמרים מגדולי ישראל המדברים בנחיצותה ושבחה של ההסתדרות.

אויף זשאַרגאָן:

א) אויפרוף. ב) צייטווייליגע אָרגאַניזאַציאָנס־כללים. ג) וואָס וויל „אגודת ישראל?“.

אין דייטש:

א) אויפרוף. ב) פאָרלויפיגע בעשטימונגען. ג) וואס וויל „אגודת ישראל?“ (דאָס זעלבע אויך מיט אידישע בוכשטאַבען). ד) „אגודת ישראל“ בעריכטע אונד מאַטעריאַלען, פּראָטאָקאָלע, פערהאַנדלונגען, שטימען דער פרעסע צור גרינדונג דער „אגודת ישראל“. ה) אנמעלדקאַרטען, ליסטען.

אין פראַנצויזיש:

א) Appel ב) Décisions provisoeres.

אויך וועט באַלד ערשיינען אין ענגליש מאַנכע פון דיזע ליטעראַטור.

נאָך דער ליטעראַטור זיך צו ווענדען אין דער ביוראָ פון „אגודת ישראל“.

